י. קאַמינסקי

# גייט אַ הינדעלע קיין בראָנזוויל



בילדער
און ליטאָגראַפישע פלאַטן
פון נאָטע קאָזלאָווסקי

ליטאָגראַפירט פון ג. גראַפשטיין



# גײט אַ הינדעלע קײן בראָנזוויל



גײט אַ הינדעלע קײַן בראָנזוויל לײגן אײער. גע־
הערט האָט זי, אַז אין בראָנזוויל זײַנען קינדער קלײנינ־
קע און בלאַסע, דאַרינקע און שוואַכע, ווײַל אַ סאַך
מאַמעס דאָרט, האָבן אָפט קײַן געלט ניט פאַר די קינ־
דער קויפן פרישע אײער. האָט זי זיך דערפאַר גע־
לאָזט אַהין לײגן ווײַסע אײער פאַר די קינדער און גע־
נומען אַ געפלאָכטן קאָשיקל אונטערן פליגל, טאָמער



גײט הינדעלע קײן בראָנזוויל לײגען אײער

וועט זיך איר פֿאַרגלוסטן לייגן אייער אונטערוועגנס. און הינדעלע געקענט האָט לייגן אייער וויפיל נאָר זי האָט געוואָלט און ווען זי האָט געוואָלט.

גייט זי זיך אַזוי איבער ענגע טראָטואַרן, איבער לאַנגע עוועניוס און גאַסן און כדי דער טראָט זאָל איר זײַן גרינגער און דער וועג וואָס גיכער, זינגט זי זיך אַ לידל צו אַזוי:

קו־דאַכ־טאַך, קו־דאַכ־טאַך,
אוי, איך אײַל זיך זייער, —
ווײַל איך גיי קײַן בראָנזוויל
פֿאַר קינדער לייגן אייער.

(אַ חוץ וואָס זי האָט ליב געהאַט צו לייגן אייער אַלע ווײַלע, האָט זי דערצו געקאָנט נאָך רעדן מיט אַ גראַם.) זעען מענטשן ווי סע שפּרייזט אַ הינדעלע מיט אַ קאָשיקל אונטערן פֿליגל און זינגט אַ לידל צו, קוקן זיי פֿאַרחידושט אָן און טרעטן אָפּ דעם וועג איר.

גייט אַזוי זיך הינדעלע, שפּרײַזט אַ לאַנגע צײַט, ביז זי קומט צום רוישיקן און טומלדיקן טײַמס־סקווער. פֿאַרגלוסט זיך איר דערווײַל אַן איי צו לייגן. מאַכט זי ניט קיין לאַנגע שיעס, שטעלט דאָס קאָשיקל אַוועק

אין סאַמע מיטן טײַמס־סקווער, וואו עס קומען זיך צו־נויף אַזוי פיל גאַסן, קריכט אַרײַן אַהין און הייבט אָן זינגען הויך:

קוואָ־קוואָ־קוואָ־קוואָ!
אָט זעץ איך זיך אַוועק
און מאַך מיר צו די אויגן, —
און איינס און צוויי און דרײַ
נעם איך אייער לייגן.

און דערווײַל פון אַלע זײַטן קומען אָן און פליען אָן אָטאָס, אָטאָ־באָסן, וועגענער, טראַמווײַען און פוס־גייער אַלץ מער און מערער און אַלע בלײַבן שטיין, אַ טראָט ניט ווײַטער, קענען זיך ניט רירן, — אויף מײַלן אָפּגעשטעלט די טראַפיק. פײַפן אומ־געדולדיק אָטאָ־באָסן, קלינגען די טראַמווײַען, פיל־דערן און טומלען, מענטשן, שטופּן אין געדרענג זיך, אַלע ווילן גיין און פאָרן, — נאָר מע קען ניט, ווײַל אין סאַמע מיטן טײַמס־סקווער זיצט אַ הינדעלע אין אַ געפלאָכטן קיישל און איז גרייט אָן איי צו לייגן.

קומט דערווײַל אויף גיך צולויפן אַ הויכער, גלאַ־טער פּאָליציימאַן זען ווער סע האָט אים אָפּגעשטעלט




היי, ווי וואַגסטו און ווי מעגסטו מיר שטערן דאָ די טראַפּיק!

די טראַפּיק, און דערזעט דאָס הינדעלע אין קײשל. נעמט דער פּאָליציײמאַן שרײַען: הײ, װי װאַגסטו און װי מעגסטו מיר שטערן דאָ די טראַפּיק. פֿאַר אַזאַ מין מײַסע (מעשה) גײט מען אין געריכט און מע צאָלט אַ שטראָף אַ שװערע.

ענטפֿערט הינדעלע פֿון קײשל:

קו־דאַכ־טאַך, קו־דאַכ־טאַך,
אוי, איך אײל זיך זײער, —
װײַל איך גײ קײַן בראָנזװיל
פֿאַר קינדער לײגן אײער.

**װ**ערט דער פּאָליציײמאַן אָנגעצונדן: װאָס מיר בראָנזװיל! װער מיר אײער! האָסט די טראַפּיק דאָ צעפּאַטערט (פּטרט). זע, װאָס ס'טוט זיך דאָ אױף מײַלן. נאַ, אָט האָסטו דיר אַ קװיטל און לאָמיר אין געריכט גײַן טײקעף (תּיכּף). און ער נעמט דאָס קײשל מיטן הינדל און לאָזט זיך צום געריכט אַװעק.

**א**ין געריכט־זאַל זיצט דער ריכטער מיט אַ מינע װאַזשנע־ערנסט, װאַרט מע זאָל אים אָנגעקלאָגטע ברענגען. טוט זײַן פֿליכט דער פּאָליציײמאַן, טראָגט צום ריכטערס טיש צו ס'קײשל מיטן הינדל.



„אָט־אַ־דאָס־אָ, ווי איר קוקט עס
אָן ,יור האָנאָר, האָט געשטערט
די טראַפיק און אָנגעמאַכט מיר
טראָבל. ס׳האָט זיך איר פאַרגלו־
סט אויף טײַמס ־ סקווער אַן איי
צו לייגן און ניט אַנדערש.״ פּאַס־
קנט (פּסקנט) אָפּ דער ריכטער,
אַז פאַר אַזאַ פאַרברעכן דאַרף
מען צאָלן שטראָף צוויי טאָלער,
פרעגט זי אים: „יור האָנאָר, אפילו
אַ הינדעלע, וואָס גייט קײַן בראָנז־
וויל פאַר קינדער לייגן אייער ?״
ווערט דער ריכטער אומצופרידן:




וואָס, דו ווילסט מיר גאָר ניט גלויבן ? — קום אַהער וועל איך דיר ווײַזן. און ער נעמט פון טיש אַ שווערן בוך אַרונטער, עפנט אויף אין מיטן און ער ווײַזט איר: זעסט אויף אָט־אָ דעם־אָ בלאַט, אין אָ־דעם־אָ פּאַראַגראַף שטייט בפירוש אָנגעשריבן, אַז מען שטערט די טראַפיק צאָלט מען שטראָף צוויי טאָלער. און אַז מען האָט ניט קיין מזומן ווערט מען אײַנגעשפּאַרט אויף גאַנצע צוויי מעס־לעס (מעת לעת)

קוקט הינדעלע צוזאַמען מיטן ריכטער אינם דיקן בוך, זעט זי, אַז ס׳איז טאַקע אמת, אַז אַזוי איז אָנגעשריבן שוואַרץ אויף ווײַס: צוויי טאָלער שטראָף אָדער צוויי מעס־לעס פאַרשפּאַרט אונטער שלאָס און טירן.

רופט הינדעלע זיך אָפ צום ריכטער: יור האָנאָר,
קײַן צווײ טאָלער האָב איך ניט, נאָר —
קוואָ־קוואָ־קוואָ־קוואָ!
אָט זעץ איך זיך אַוועק
און מאַך מיר צו די אויגן, —
און אײנס און צווײ און דרײַ
נעם איך אײער לײגן.

און זי זעצט זיך אויפן בוך, אויף יענעם בלאַט, אויף יענעם פאַראַגראַף וואו ס׳רעדט זיך וועגן שטערן טראַפיק און לײגט אַוועק אַ ווײַסע אײ, הויבט זיך אויף נעמט ס׳קאָשיקל אונטערן פליגל, פליט אַרויס מיט אימפעט פון געריכט־זאַל דורכן פענצטער און לאָזט זיך מיט דילענסי סטריט צו דער וויליאַמסבורגער בריק דער לאַנגער. און אַז זי קומט נאָר אויפן בריק אַרויף הערט זי אַ געשרײ פון אונטן: וואַרף דעם באַל! כאַפ דעם באַל! וואַרף צומיר! נײַן, צו מיר: ווערט זי נײַ־געריק צו וויסן, שטעלט זיך אויף דער שטאָלענער פאַרענטשע, קוקט אַרונטער, זעט זי: ײנגלעך אויפן גאַס, לעבן סאַמע בריק שפילן זיך אין באַל. אײנער וואַרפט און די אַנדערע שטײען גרײט צו כאַפן מיט




און סע נעמען פאַלן ווײַסע אײער אין די אויסגעשטרעקטע הענטלעך

די אויסגעשטרעקטע הענטלעך. טראַכט הינדעלע אַ ווײַלע און צעזינגט זיך און עס נעמען פּאַלן ווײַסע אײער אין די אויסגעשטרעקטע הענטלעך פֿון די אײבערראַשטע ייִנגלעך. הינדעלע דערווײַלע שפּרינגט אַרונטער פֿון דער שטאָלענער פּאַרענטשע, לאָזט זיך איבער וויליאַמסבורגער בריק זינגענדיק איר לידל הויך:

קו־דאַכ־טאַך, קו־דאַכ־טאַך,
אוי, איך אײל זיך זײער, —
ווײַל איך גײ קײַן בראָנזוויל
פֿאַר קינדער לײגן אײער.

ביז זי קומט צום סוף פֿון בריק און זעט אַ מאַן דאָרט שטײן און וואַרטן.

האַ, וואָס? באַגעגנט איר דער מאַן, דעם וועג קײַן בראָנזוויל ווילט איר וויסן? מע נעמט זיך רעכטס, מע נעמט זיך לינקס; מע גײט אַרויף און מע גײט אַראָפּ, אָט־דאָס איז דער וועג קײַן בראָנזוויל. נאָר ס׳איז ווײַט אַהין צו־פֿוס צו גײן, נעמט בעסער אָט־דעם־אָ דאָרטן אָטאָ־באָס, וועט ער אײַך ברענגען גלײַך אויף פּיטקין עוועניו, אין סאַמע האַרץ פֿון בראָנזוויל.

באַדאַנקט איס הינדעלע מיט אַן אײַ אַ ווײַסער, שפרינגט אַרײַן אין אָטאָ־באָס, וואָס איז גראָד אָנגע־לאָפן.

„פעיר, פליז״! רופט העפלעך אויס דער טרײַ־בער און שטרעקט אויס זײַן האַנט די ברײַטע. שווײַגט הינדעלע און וויל אַן אָ ר ט פאַרנעמען.

„פעיר, פליז״! דערמאָנט איר נאָכאַמאָל דער טרײַ־בער. הינדעלע ווי ניט איר מײַנט מען, זיצט אַ שטילע.

„ניקל, פליז״! ווערט דער טרײַבער אומגעדולדיק.

„זע־נאָר, זע־נאָר,״ טראַכט זיך הינדעלע, „אַלע ווילן זײַ נאָר געלט בײַ מיר. דעם ריכטער גיב צוויי טאָ־לער, דעם באָס־טרײַבער אַ ניקל. אַוואו זאָל איך זײַ נע־מען געלט קעסײַדער (כסדר)?״ און זי וואַרפט אַרײַן אַן אײַ דעם טרײַבער אין זײַן אויסגעשטרעקטער האַנט דער ברײַטער. דער אָטאָ־באָס דערווײַלע פליט זיך אויף די גומענע זעקס רעדער, ביז ער איז קײַן בראָנזוויל אָנגעקומען.

פיטקין־פיטקין עוועניו! רופט הילכיק אויס דער טרײַבער, עפנט אויף די טירן פאַר די פאַסאַזשירן. שפרינגט הינדעלע פון באָס אַרונטער און בלײַבט שטײַן אויף אַן אָפן פענצטער פון אַ קעלער שטיבל.

זעט זי בײַ אַ וויגל זיצט אַ מאַמע, קוקט מיט ליבשפט אויף איר קינד וואָס האַלט אין אויפשטײן. צעזינגט זיך הינדעלע:

קוואָ־קוואָ־קוואָ־קוואָ־קוואָ!
אָט זעץ איך זיך אַוועק
און מאַך מיר צו די אויגן, —
און אײנס און צווײ און דרײַ
נעם איך אײער לײגן.

און טאַקע באַלד איז אַ ווײַסע איי געלעגן אויפן פענצטער. און אַז אַ מאַמע זעט אויפן פענצטער אַ ווײַסע פרישע איי, נעמט זי דאָס אין האַנט גע־



שווינד, פירט מיטן איי אויפן פּאָנים (פּנים) פון איר קינד און רעדט דערבײַ אַזעלכע רייד:

אַזוי ווי ס׳אייעלע איז לויטער, —
אַזוי זאָלן מײַן קינדס אייגעלעך זיין לויטער.
אַזוי ווי ס׳אייעלע איז רונד, —
אַזוי זאָל מײַן קינדס פּענימל (פּנימל) זיין רונד.
אַזוי ווי ס׳אייעלע איז פריש, —
אַזוי זאָל מײַן קינדס פּענימל זײַן פריש.

אז הינדעלע דערהערט אַזעלכע ווערטער פון אַ מאַמען ווערט עס איר אָן אַ שיר געפעלן, לאָזט זי זיך אַוועק לייגן אייער אויף די פענצטער פון די קעלער־שטיבער. נעמען מאַמעס די פרישע ווײַסע אייער, קײַקלען זיי אויף די פּנימער פון די קליינע קינדער און דערבײַ ריידן זיי אַזעלכע רייד:

אַזוי ווי ס׳אייעלע איז לויטער, —
אַזוי זאָלן מײַן קינדס אייגעלעך זײַן לויטער.
אַזוי ווי ס׳אייעלע איז רונד, —
אַזוי זאָל מײַן קינדס פּענימל (פּנימל) זײַן רונד.
אַזוי ווי ס׳אייעלע איז פריש, —
אַזוי זאָל מײַן קינדס פּענימל זיין פריש.

אָמן!

י. קאַמינסקי

# גייט אַ הינדעלע קיין בראָנזוויל!



פאַרלאַג
קינדער־רינג
ביים
ארבעטער רינג
בילדונגס קאָמיטעט
ניו יאָרק, נ.י.

ביבליאָטעק קינדער־רינג